ספר

# חובת נשים

## חלק ראשון

דיזעם ספר איז איין קיציר פון שלחן ערוך אורח חיים אונ יורה דעה אונ אבן העזר אונ פון אנדערי היילינגע ספרים דוא אלע דינים וואס צו ווייבר געהערין . אויך פיל דינים פאר מאנין וואס קענן נוט לערנן קיין שלחן ערוך . אויך אלי היילונגע מדות וויא איין מענטש דארף זיך פיהרן דאס ער זאל זוכה זיין צו עולם הבא . אויך אלע מצות וואס ווייבער זענן מחויב מקיים צוא זיין וויא מאנס לייט . אונ די מצות וואס ווייבער זענין פון זיי פטור דר כלל אונ דעם ספר פעלט נוט איין דין וואס ווייבער דארפון וויסין . אונ יעדער אשה וואס וועט דם ספר לערנון אונ קלאר זיין אינ מקיים זיין דוא אלו דינים וואס זענון דא מבואר וועט זוא גיווים זוכה זיין צוא האבן גוטו קינדר אונ קינדס קינדר וואס וועלון עוסק זיין בתורה ובמצות ובזכות זה וועט גאט ברוך הוא מקרב זיין דוא גאולה במהרה בימינו אמן :

Druck und Verlag Von A. N. Süss und B L. Necheles Lemberg 1868

# פתיחה

אין דער תורה הקדושה איז דא תרי"ג מצות (זעקס הונדערט מיט דרייצעהן מצות) דר פון איז דא רמ"ח מצות עשה צוויא הונדערט אונ אכט אונ פערציג גיבאט דאס איז וואס מען מיז זיא טאן. למשל ציא עסן מצה אום פסח אונ צוא פאסטן אים יום הכפורים. אונ שס"ה לא תעשה דריי הונדערט ימוט פינעף אונ זעכציג פאר באט וואס מען טאר ניט טאן וויא למשל מען טאר ניט טאן קיין מלאכה אום שבת. מען טאר ניט עסן מאכלים וואס איז פר באטן נאר זייט דעם בית המקדש איז חרוב גיווארן זענען זייער פיל מצות פר לארן גיווארן. דיא אלו מצות וואס גהערן צום בית המקדש אונ דעסט גלייכן זענען בעונותינו הרבים יעצט ניט דא. אזו איז גבליבן אונ דער צאהל פון די מצות אונ דר תורה מקיים צו זיין דרייא הונדרט אונ ניין אונ זעכציג. נאר אויף דיא מצות האבן אונז דיא חכמים גיזאגט נאך דינים אונ כללים וואס גיהער צו ווייבר ווי מיר וועלן ווייטר שרייבן:

---

# המצות שהנשים חייבות בהן

(די מצות וואס ווייבר זענען חייב זיא צו טאן):

## פרק ראשון

### כלל א

דער ערשטער כלל אינ דער גרעסטער כלל איז אונ די מצות פר ווייבר דס אלו מצות וואס האבן איין אויס גיזעצטע צייט זיי מקיים צוא זיין זענען ווייבר דער פון פטור:

### כלל ב

דרום זענען זיי פטור פון טראגן ציצית. ווייל ציצית האט איין בשטימטע צייט צו טראגן. דס איז נאר ביי טאג אונ מען מחויב אונ ציצית אבר ביי דר נאכט איז ניט דא מצוה פון ציצית ביי טאגס לייט. זענען דרום ווייבר אלו מאל פטור. אוך זענען זיי פטור פון ליינגן תפילין ווייל תפילין האט אוך נאר איין גשטעלטע צייט צו ליינגן. דס איז ביי טאג. אבר ביי נאכט אונ אוך אום שבת אונ יום טוב ליינגן מאנס לייט אוך קיין תפילין ניט. זענען דרעבער ווייבער פטור פון דר מצוה:

אויך

# חובת נשים

## כלל ג

אויך זענן זיי פטור פון שופר בלאזן אום ראש השנה : אונ פון זיצן אונ סוכה אום סוכות . אונ צו בענשן אתרוג . נאר ביי דוא דרייא מצות דאס איז שופר סוכה אונ לולב ווען ווייבר ווילן מקיים זיין די מצות מעגן זייא . אונ זיי קענן אויך אברכה מאכן איף די מצות (טורס חיים סימן תקפ״ט סב״ק ו׳ כ״ת״ז) נאר תפילין ווען זייא זאלן אפילו וועלן לייגין טארן זיי נוט אונ מען לאזט זיי נוט (סי׳ ל״ח ס״ב בהג״ה)

## כלל ד

נאר אבר די איברוגע מצות אפילו וום האבן איין גשטעלט צייט זיי מקיים צו זיין . זענן ווייבר מחויב ווי מאנס לייט זיי זענן חייב אונ קידוש אונ הבדלה אום שבת אזו ווי מאנס לייט . הגם די מצות האבן דאך נאר אגישטעלטע צייט אום שבת נאר אונ די אלע דינים וום געהערן צו שבת זענן ווייבר טוט מאנס לייט גלייך מחויב זיי זענן אויך מחויב צו עסן די דריי סעודות ווי מאנס לייט (הלכות שבת סי׳ רצ״ו סעיף ו׳) נאר הבדלה מאכן איז גלייכר אז ווייבר זאלן דם הערן פון מאנס לייט אונ יוצא זיין טוט דעם הערן ווייל טייל זאגן אז פר זיך אליין טארן ווייבר נוט מאכן קיין הבדלה (סי׳ רצ״ו סעיף ס׳) אונ וועגן לוכט אנצונדן אום שבת וועלין מיר ווייטר דר פון ריידין אי״ה :

## כלל ה

אויך זענן זיי מחויב צו דאווענן אזו ווי מאנס לייט הגם תפלה האט דאך אויך איין גשטעלטע צייט דרייא מאל אונ טאג : אונ דר פרוא אונ פר נאכט אונ אנפאנג נאכט . נאר ווייל די צייטן האבן נאר די חכמים גשטעלט אבער פון דר תורה איז תמיד די צייט אונ עס האט נוט קיין באשטומטע צייט דערובר זענן זיי מחויב צו דאווענן נאר נאך דעם טעם קענן ווייבר יוצא זיין טוט איין תפלה אונ טאג אונ וועלכע צייט זיי ווילן אונ ווס פר א תפלה זיי זאגן איז גנוג פר זיי : אנדערו זאגן דאס זיי זענן דערובר חייב אונ תפלה ווייל דאס איז איין געבעט פון גאט . אונ דוא ווייבר דארפן דאך אויך אזו

בעטן

בעטן וויא די מאנס לייט אונ נאך דעם טעם מוזין זייא דאווינען וויא מאנס לייט גאר אן איין אונטר שייד (סימן קי' סעיף ג') נאר צו זאגין קריאת שמע מיט די ברכות פון קריאת שמע דאס איז ברוך אתה יי' אלהינו מלך העולם יוצר אור ובורא חושך ביז ברוך אתה יי' יוצר המאורות אונ אהבה רבה ביז הבוחר בעמו ישראל באהבה זענין ווייבר פטור נאר אמת ויציב ווס דארטין שטייט אונזר ארויס גיין פון מצרים ממצרים גאלתנו אונ אזו ווייטר זענן ווייבר אויך מחויב צו זאגן וויא דער מגן אברהם פאקקעט נאר אנדערי חכמים זאגן אז זיי זענין פון אמת ויציב אויך פטור:

פרק שני

# דיני יום טוב

## כלל א

די דינים פון פסח איז גלייך פר ווייבר ווי פר מאנס לייט די ווייבר מוזין עסין מצה די ערשטי נאכט פון פסח מיט אלי דינים דר צו ווי מאנס לייט ווייל דר זוס מאר נוט עסין קיין חמץ אום פסח דר מוז עסין מצה אונ קיין חמץ טארין ווייבר גווים נוט עסין ווייל דס איז דאך איין לא תעשה דס הייסט איין זאך ווס די תורה הט גזאגט מען זאל דס נוט טאן · אונ אונ די אלו מצות לא תעשה איז קיין אונטר שייד צווישן ווייבר אונ מאנס לייט ווי מיר וועלין ווייטר זאגין דריבר · ווי באלד זיי טארין קיין חמץ ניט עסין מוזין זיי עסין מצה:

## כלל ב

אונ שמחת יום טוב דס איז זיך צו פרייאן אים יום טוב ווס די תורה האט גוהייסן (ושמחת בחגך) הגם דס איז דאך איין מצות עשה ווס הט אנגושטלט צייט זענין ווייבר דארון אויך חייב נאר דארום קרוגין די פוסקים טייל זאגין דוא מצוה פון שמחה אום יום טוב איז אויף ווייבר ווי אויף מאנס לייט · אונ טייל זאגין דס די מצוה איז נאר אויף נוליינט אויף די מאנס לייט דס זיי זאלין זעהן צו דר פרייאן זייערו ווייבר אונ די אלמנות ווס האבין קיין מאנין נוט איז סומל די מצוה זיי צו דר פרייאן אויף די שכנים ביי וועמין זיי וואנין:

## כלל ג

נאר ווי אזו מען מקיים די מצוה פון שמחת יום טוב איז אזו: פר צייטן אז דר בית המקדש איז גוועזין הט מען מקריב גוועזין קרבנות שלמי שמחה (קרבנות פון פרייד) אונ מען הט דס פלייש גגעסין אונ זיך גפרייט פר גאט · צונד אז דס

# חובת נשים

בית המקדש איז חָיוב אוז אמִצְוָה צו האָבִּן ביינו אינ שיינו קלַ יירָר אוף יום טוב אינ צו הָאבּין צירונג . אוך עסין ניט אינ פַריילוך זיין אינ זוך שֶׁעֶנְדֶר וג דֶר מַאנִין אָן גָאט ווָס הָט אונז גוהַייסין זוך פְרַייען מיט רֶעד יום טוב אינ זוך דֶר מַאנִין שֶׁעֶנְדוּג ווָס דֶר יום טוב בַּאטַייט אָבֶּר שְׁפִּילִין אינ אַרום לויפִין אינ דו גַאסין אוֹדֶר אַרום שְׁפַּאצירִין אוז דו גְרֶעסְטֶע עבירה אונ אַזֶעלְכֵי ימים טובים הָט גָאט פַיינְט אינ זָאגְט (ח״ש כב וּמוֹעֲדֵיכֶם שָׂנְאָה נַפְשִׁי) דָאס איז טַייטְשׁ אַייעֶרֶע חַגִּים אינ אַייעֶרֶע ימים טובים ווָס איר פְרֵייט זוך נאר טוט זוך האַב אוך פַיינְט :

## פרק שלישי

# דיני ספירה

## כלל א

צוא צֵיילִין ספִירָה פון פֶּסַח בִּיז שְׁבוּעוֹת הַגַם דָאס איז דָאך אַיין מִצְוַת עֲשֵׂה ווָס הָט אַנגֶשְׁטֶעלְט צַייט אונ ווייבֶּר זֶענִין פָּטוּר ווי דֶר רמב״ם פַּאסְקֶעט(הלכות תמידין ומוספין פ״ז הלכה כ״ד) נָאר דֶר מגן אברהם זָאגְט אַז אוּנְזֶרֶע ווייבֶּר מוזִין צֵיילִין סְפִירָה ווייל זיי הַאבִּין דָס אָן גֶנוּמִין אוף זוך . ווי אַיין חוב אונ אַלוֹ זאגִין ווָס מֶען טָאר ניט טָאן אינ סְפִירָה טֶעג טָארִין ווייבֶּר אוך נוט פִיגְקְט ווי מַאנְס לַייט . ווייבֶּר זֶענִין זוך נָאך נוֹהֵג אַז פון פֶּסַח בּוז שְׁבוּעוֹת זָאלִין זיי קֵיין אַרְבֶּעט נוט טָאן פון זונִין אוּנְטֶער גַאנְג בּוז ווַאנִין זייא צֵיילִין סְפִירָה (מ״א סי׳ תפ״ט סק״ב סי׳ תצ״ג סק״ד וט״ז ס״ג) :

## כלל ב

די דִינִים פון שְׁבוּעוֹת איז ווי אַלוֹ יום טוב גְלַייך פַר ווייבֶּר ווי פַר מַאנְס לַייט זיי טָארִין אוך ניט טָאן קֵיין מְלָאכָה אים יום טוב ווָס גיהֶערְט ניט צום עסין.נָאר קָאכִין אינ בַּאקִין.אָבֶּר אַיין אַנְדֶרֶע מְלָאכָה טָארִין זיי ניט טָאן אוך טָארִין זיי נוט קָאכִין פון אַיין טָאג יום טוב אוף דֶעם אַנְדֶערִין טָאג אוֹדֶר פון יום טוב אוף מָארְגִין ווָס איז אַוָואכֶעדִיגֶר טָאג : אינ ווֶען עס גופַאלְט יום טוב אום פַרַייטָאג אינ מֶען דַארְף קָאכִין עסין אוף שַׁבָּת טָארִין זיי אַנְדֶרשׁ נוט קָאכִין אוף שַׁבָּת סַיידִין מֶען הָט גְמַאכְט פַר זיי עֵירוּב תַּבְשִׁילִין אים עֶרֶב יום טוב : דַארוּבֶּר מוזִין די ווייבֶּר אִיבֶּר הוֹפְּט אַכְטוּנְג

גְעבּוּן דָם מֶען זָאל נוֹט פֶר גֶעסוּן צוּ מַאכוּן עֵרוּב תַּבְשִׁילִין · אוּנ וָוען עֶס מֶרֶעפְט זוֹךְ דָם מֶען הָט פֶר גֶעסוּן מוּזוּן זַיי פְרֶעגוּן אַיין שַׁאֲלָה בַּיי אַיין מוֹרֶה הוֹרָאָה :

פרק רביעי

# דיני תענית

## כלל א

דוּא פוּר תַּעֲנִיתִים אוּנ יָאר · דָם אוּז תִּשְׁעָה בְּאָב · שִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז · צוֹם גְדַלְיָהוּ אוּנ עֲשָׂרָה בְּטֵבֵת מוּזוּן וַוייבֶּר אוֹךְ פַאסְטוּן נָאר דוּ וָוס וֶוענוּן מְעוּבֶּרֶת אָדֶר זֵייגֶענדוּגֶע · אוּנ לַייְדְן פוּל פוּן תַּעֲנִית מָארוּן נוֹט פַאסְטוּן · אוּנ אֲפִילוּ דוּ וָוס לַיידוּן אַבּוּסֶל דַארְפוּן אוֹךְ נוֹט פַאסְטוּן · אוּם גֶנוּמוּן אוּם תִּשְׁעָה בְּאָב · אוּז זֵייעֶר הַארְבּ דַארְפוּן זַיי פְרֶעגוּן דָעם דִין בַּיי אַיין מוֹרֶה הוֹרָאָה :

## כלל ב

אֶסְתֵּר תַּעֲנִית אוּז אַיין מִצְוָה צוּ פַאסְטוּן · נָאר דֶער תַּעֲנִית אוּז אָבֶּער נוֹט אַזוֹ הַארְבּ ווִי יֶענֶע פוּר תַּעֲנִיתִים וָוס אוּז פְרִוֶער גֶשְׁמַאנוּן דַארוּבֶּער קֶענוּן זוֹךְ אַיין אִשָּׁה מְעוּבֶּרֶת אָדֶר אַיין זֵייגֶענדוּגֶע מֵקִיל זַיין (זוֹךְ גְרוּנְג מַאכוּן) אוּנ דָעם תַּעֲנִית אוּנ נוֹט פַאסְטוּן :

## כלל ג

אוּנ נַיין טֶעג דָם אוּז דוּא נַיין טֶעג וָואס פוּן אָנְפַאנְג ראש חוֹדֶשׁ אָב בּוּז תִּשְׁעָה בְּאָב אוֹךְ דֶער נַאכְט חוּץ וָואס עֶס אוּז דָא פוּל זַאכוּן וָוס מֶען מָאר נוֹט ווִי לְמָשָׁל הִתּוּנוֹת מַאכוּן · נַייעֶ קְלַייְדֶר אָן טָאן · קַיין פְלַייש נוֹט עֶסוּן אוּנ קַיין וַויין נוֹט טְרוּנְקוּן · מָאר מֶען אוֹךְ נוֹט קַיין גֶרֶעט וַואשׁוּן אֲפִילוּ זַיי אַוֶועק צוּ לַייגְן אוֹף אָן צוּ טָאן נָאךְ דוּ נַיין טֶעג · אוּנ אָן טָאן מָאר מֶען נוֹט אֲפִילוּ קַיין אוּם גְוַואשֶׁנֶע פְלַאקְסֶנֶע קְלַיידֶר · נָאר וָוען עֶס אוּז דָא עֶטְוָואס אַיין מִצְוָה מֶעג מֶען אָן טָאן · דַארוּבֶּער דוּ ווייבֶּר וָואס דַארְפוּן [illegible] טָאן ווִי [illegible] גֶרֶעט (אוּנ אוּרוּ רַיינֶע טֶעג) מֶעגוּן זַיי וַואשׁוּן אוּנ [illegible]

טאן

מאן ווייס גרעט . אונ זוך אונטער בעטין וויסו אונ אוך לכבוד שבת מעג מען אן מאן וויים גרעט . אונ בען מאר (אונ ניין מעג) נוט אוועק געבון גרעט צו איין גויה זו זאל וואשון אפילו ווען זו ווער וואשון נאך די ניין מעג . אונ קינדערש קינד מאר נים וואשון קינדר גרעט אונ ניין מעג אפילו פר איין עבוים:

## כלל ד

מען מאר זיך נוט באדון אונ ניין מעג נאר איולדת ווס דארף וואשון מעג . אוך איין נדה ווס עס קומט איר אום דוא טבילה אונ די מעג מעג זו זיך וואשון אונ טובל זיין ווייל דס איז איין מצוה אונ ווען זוא איז זיך טובל אונ דער נאכט פונצעהנטן אב . מעג זו זיך ארום וואשון ערב תשעה באב . באופן אז דוא נאכט פון צעהנטין אב ווערט זוא זיך נוט קענון ארום וואשון . אונ ווען זו דארף אן מאן ווייסו גרעט מעג זו זיך אבוסל ארום וואשון מוט וואסר ווייל זו מיינט דארף דס נוט פינתגעניג ווענון נאר פון די מצוה ווענון

## כלל ה

איין אשה ווס עס קומט אום איר ליל טבילה ערב תשעה באב אוף דר נאכט . מאר זו נוט דאמאלס גיין אונ מקוה . נאר זו זאל זיך ארום וואשון אונ אום קעמון ערב תשעה באב . אונ די נאכט נאך תשעה באב (דס איז ווס גהערט צום צעהנטן טאג פון אב) זאל זו זיך ווידר אום קעמון אונ טובל זיין . (די איבריגו דינים פון טבילה ועלון מיר איה ווייטר שרייבון):

## פרק המישי

# דיני ימים נוראים

## כלל א

אונ אלו דינים פון ראש השנה אוז קיינאונטר שייד צווישן מאנם לייט אונ ווייבר . מעהר נוט ווי אונ שופר בלאזון דס ווייבר זענון דר פון פטור . נאר אז זיי ווילון קענונזיי בלאזון אונ מאכון די ברכה דערויף ווי מיר האבון שון דר פון גרעט אובון . ווייטר האבון מיר נאר צו שרייבון דס די ביידו נעכט ראש השנה אונ

רעכט

דערבייא ניט משמש המטה צו זיין פֿריהן ווען עס איז איין ליל טבילה
פֿאָר מען ווייל דו מעג מוז מען זעהן צו זיין קדוש וטהור :

כלל ב

אום ערב יום כפור זענון ווייבר אויך מחויב צו עסון אוג צו טרונקן
ווי מאנס לייט זענון מחויב . הגם דם איז איין מצות עשה שהזמן
גרמא דס היינט ווס האט אגישטעלט צייט נאר אום ערב יום
כפור . אבר דו מצוה פון עסון אום ערב יום כפור איז גגליכן צו
דו מצוה פון פאסטון אום יום כפור ווס אוג דו מצוה זענון ווייבר
אויך מחויב ווי מאנס לייט . דארובר מוזון זיי אויך עסון אום ערב
יום כפור . נאר זיי זאלון זיך זייער היטון אז זיי זאלון ניט עסון ביז
שפעט פר נאכט . ווייל מען מוז עסון דו סעודה המפסקת אונ זי
קאנצשטען(ענדיגון)פר זונון אונטר גאנג . דען מען מוז צו לאזון
פון ערב יום כפור צו יום כפור אונ אנפאנגן צו פאסטון פר זונון
אונטר גאנג אונ דו ווייבר ווס עסון ביז שפעט פר נאכט האבון
איין עבירה .

כלל ג

אויך זענון זיך אלו יודין נוהג צו שלאגין כפרות אום ערב יום כפור
אודר איין טאג פר ערב יום כפור . נאר גלייבר איז צייא
שלאגין כפרות ווס פרועי ווייל שפעטר אז עס ווערט ענג ביים
שוחט אונ יעדער שפאריט זיך מיט זייני כפרות צו שעכטון זיי .
קענון זיי חלילה מאכון אטריפה אונ דו שוחטים וועלון דם קענון
שווער דר גיין אובר דו שרעקלוכי ענגעניש דארובר איז גלייבר
מען זאל זעהון צו שלאגון כפרות ווס פרוער אונ זיי שיקון צים
שוחט אז עס איז נאך ניט ענג דארטון :
אונ דר מנהג איז איין מאנס פארשון שלאגט מיט איין האן אונ
איין אשה מיט איין הין . אונ ווען זי איז מעוברת איז דער
מנהג צו נעמון איין הין פר זיך אונ איין האן פר דעם קינד ווס
זי טראגט . אונ דען איז ספק נפשך גיט טראגט זי איינגיל האט
זי דאך פר אים דעם האן אונ ווען זי טראגט אמיידיל ווערט זיין אור

הוו

# חובת נשים

הון פר זיך אונ פר דעם קינדר וואס זי טראגט :

מער מצוה איז אום צו קלויבן אווייסען האן אדר אווייסע הון · נאר אבר זיבן הוקים אויסזין טאר מען ניט · וויל דאס איז אזו ווי דרכי האמורי (טור ס' תר"ה ר"ס) מער ניט ווען עס טרעפט זיך ווייסע קויפט מען בעסר ווייסע אונ ווען עס איז ניט דא קיין האן אודר אהון מעג מען אויך שלאגן מיט אנדרע לעבדיגע זאכין ווי מיט קאצשקעס אונ דר גלייכן : אויך מעג מען שלאגן כפרות מיט פיש אבר מיט טויבען טאר מען ניט שלאגין קיין כפרות וויל אלו מינים וואס עס קען טויגן צו איין קרבן אויף דעם מזבח קען דס אויס וויזן ווי איין קרבן בחוץ דס הייסט מען איז מקריב איין קרבן ניט אויף דעם מזבח דארום טאר מען דאס ניט אונ נאך דעם שעכטין איז דר מנהג מען זאל די אינגעווייד פון די כפרות ארויף ווארפן אודר אויף דעם דאך אודר אין הויף ווי עופות קומין דארטין אונ קענין דס אויף עסין :

כלל ד

ערב יום כפור איז אגרויסי מצוה זיך טובל צו זיין כדי מען זאל זיין ריין ביי דעם יום הדין אונ אפילו יונגי קינדר אודר מיידליך וואס זענען דרייצין אודר פירצעהן יאר אלט דארפין זיך טובל זיין ערב יום כפור אונ איין אשה וואס דר מאן איז ביי איהר געוועזין דריי טעג פר יום כפור דארף זי יענס ארט אויס וואשין גוט מיט ווארים וואסר וויל עס קען די זרע ארויס נאך אין יום כפור אונ דס איז איין טומאה אבר זי טאר דארטין ניט אויס וואשין ווען זי איז ניט לאנג געגאנגין אין מקוה אודר ווען עס איז קורץ פר דעם אז זי דארף האבין איהר צייט וויל אונ די צייטין איז דר שטייגר אז זוא קען מעוברת ווערין אונ ווען זי ווערט זיך וואשין מיט ווארים וואסר קען זי דס פר דארבין הייסט דס חלילה ווי מען הרגת איין קינדר :

כלל ה

מען איז זיך נוהג צו מאכין איין יום כפור ליכט פר יעדין מאנס פארשוין : נאר ווייבר דארפין פר זיך קיין ליכט ניט מאכין

אונ

(מ"א סי' תר"י ס"ק ג') אוך מאכט מען איין ריינו נשמה לוכט פר פאטר אונ מוטר וואס זיי זענון גושטארבין · אונ ווען די לוכט פר לעשון זוך טאר מען נוט זאגון איין עכו"ם אז ער זאל זיי צוריק אן צונדן : אפילו מוט איין וינק טאר מען אוך נוט מאכון אז ער זאל זיי אן צונדן אונ עס אוז אמצוה צו לאזון זייא זיין פר לאשון נאר מוצאי יום כפור זאל מען די לוכט צוריק אן צונדן אונ זייא לאזון אונ גאנצון אוס ברענון :

אונ דר היים אוז דער מנהג אונ אנדערו ערטער אן צו צונדן לוכט אונ מען צונר אן איין לוכט אונ קאמער ווי מען שלאפט דאס עס זאל אום אפ האלטון פון תשמיש המטה חלילה וויל ער ווערט זעהון דס לוכט ברענט דא . אונ ווען יום כפור גופאלט אום שבת מוז מען אונ אלו ערטער אן צונדען . אונ מען מאכט אוף זיי די ברכה להדליק נר של שבת ושל יום הכפורים :

## כלל ו

מאנכי לייט זענון זוך נוהג אן צו טאן ווייסו קליידר אונ ריינו אום יום כפור . גלייך ווי די מלאכי השרת . אוך טוט מען אן דעם קיטעל וויל ער אוז ווייס אונ ריין אונ דס אוז איין קלייד וואס מען טוט אן איין מת אונ דורך דעם ווערט דעם מענשענס הארץ גובראכון אונ גובוגון ווערון : אבר ווייבר דארפן זוך אונ וויסן גוט אן טאן נאר איין קיטעל ווען זיי חידון קענון זיי זוך יוא אן טאן (מ"א סי' הנ"ל ס"ק ה') :

## כלל ז

מען טאר זוך נוט וואשון אום יום כפור נוט מוט קאלט וואסר אונ נוט מוט ווארום וואסר נאר ווען די הענד זענון איין גושמורט מעג מען זוך דאס וואשון דען מען טאר זוך נוט וואשון נאר צום תענוג אבר פון ריינוקייט ווענין מעג מען אונ דר פרו אז מען שטייט אוף פון דעם שלאף וואשט מען נאר די פונגר אליין אונ מען מאכט די ברכה על נטילת ידים אבר איינכלה אונ דרייסיג מעג נאך דר חתונה מעג זי וואשון אור פנים אוך :

## כלל ח

אין אשה מאר זוך נוט טובל זיין אום יום כפור אפילו ווענדו צייט פון איר טבילה איז אום נוקומן אונ דם טג נאר דו ווס דארף יום כפור אן מאך ווייסו זאכון נאך דו צייט פון נדה טעג זו דו זייטן פון יענים אורט ארום אשר

## כלל ט

מען מאר אום יום כפור קיין שוך נוט אן טאן נאר איין קונד בעטרון אונ דרייסוג טעג פון האבון דם קונד טעג אן טאן שיך :

## כלל י

אום יום כפור אוז אסור משמש המטה צו זיין אונ מען טאר אוך זוך נוט אן רורון אן דעם ווייב איז ווי אונ דו צייט פון נדה אוך איז נוט רעכט מוט איר פול צו ריידון :

## כלל יא

איין יונגל אדר איין מיידול קליינו ווס זענון גזונד אונ זיי זענון שון ניין יאר אדר צעהן יאר הייבט מען זיי אן איין צו גוויינון צו פאסטון שעות ווייל דהיינו ווען זיי זענון גוואנט צו עסון אונ אשעה ארום נאך זייער אוף שטיין נוט זיי עסון אום יום כפור אונ צווי שעה נאך זייער אוף שטיין אונ ווען זיי זענון גוואנט צו עסון אונ צווי שעה נאך זייער אוף שטיין נוט מען זיי עסון אינ דריי שעה נאך זייער אוף שטיין אונ ווען זיי האבון גוגוג קרעפטון לאזט מען זיי אבוטול לענגר פסטון אונ ווען זיי זענון שון גווארון עלוף יאר זאגון מייל אז זיי מוזן פאסטון אונ גאנצון מדברי סופרים דס הייסט ווייל דו חכמים האבון אזו גוהייסון דאמוט מען זאל זיי איין גוויינון אונ מצות אונ אנדרו זאגון אז זיי דארפון נוט פאסטון אונ גאנצון אונ מען קען זוך פר לאזן אוף דיא אנדרו דעה ווענדם קינד איז שוואך אונ מאגר אונ הט קיין כח נוט צו פסטון אבר איין מיידול פון צוועלוף יאר מוט איין טאג אונ איין יונגל פון דרייצון יאר מוט איין טאג ווס האבון שון צווי האר אונטר דו ארום אונ דם איז אסימן אז זיי זענון שון גרוס פון קונדרס יארון זענון זיי ווי גרוסו מענשון צו אלו מצות אונ זיי מוזן פאסטון דעם גאנצון טאג מן התורה : אבר ווען זיי האבון דארטון נאך נוט קיין צווי האר הייסון זיי ווי קליינו אונ דרפון נאר פאסטון מדברי סופרים אבר איין קונד ווס איז נאך קיין ניין יאר נוט מאר מען נוט לאזן פסטון אונ אפילו ווענדם קונד וויל פאסטון לאזט מען אים נוט

## כלל יב

איין אשה ווס זו איז מעוברת אדר זייגט איין קונד מוז פאסטון דעם גאנצן

טאג :

ווען איין אשה וואס זי איז מעוברת האט דר שמעקט עסין אין אזר פנים האט זוך דורך דעם פר ענדרט אפילו זי זאגט גוט אוך פון דעם עסין אדר ווען זי זאגט איך פון דעם עסין אפילו ווען איר פנים האט זוך ניט פר ענדרט אזו דר דין אז מען זאל איר זאגין אין אויער אז היינט איז יום כפור ווען זי וועט דורך דעם דר מאנין איז גוט אונ ווען גוט ניט מען אזר דר פון אלנק טאן אונ ווען דר לעס האט איר נוט גיהאלפין גוט מען אזר אביסיל יוך : אונ ווען דו יוך העלפט אוך ניט גיט מען איר פינדי שפייז אליינביז זי בארוהיגט זוך :

## כלל יג

איין קינד בעטרון איז אזו דר דין אזו דו דריי טעג פון אזר געווינען דארף זי גאר ניט פאסטין אפילו זי זאגט זי דארף גוט עסין גיט מען איר אונ מען זאגט איר זי זאל עסין גאר מען זאל איר געבין ווייניקר ווי דר שיעור איז דאס איז אזו גרוס אונ גישרבווי צווייא דרויטל אייא אונ מען זאל ווארטין צווישין איין מאל געבין ביז דעם אנדרין מאל געבין אזו לאנג ווי פיל מען זאל קענין אוך עסין פור אייעי אונ טרונקין גיט מען איר אינגיפר צי לעפיל אונ זוא זאל ווארטין צווישין איין זופ ביז דעם אנדרין זופ אזו לאנג ווי פיל מען קען אום טרונקין איינדרבייעת אונ פון דריי טעג נאך דעם געווינונביז דעם זובנט זאיז ווען זי זאגט זי דארפעסין גוט מען זאל אונ אז זי בעט גוט גיט מען איר גוט אונ פון דעם זובנטין טאג אן אונ ווייטר איז זי גלייך צו אלע מענשין נאר ווען זי זאגט אבר זי איז קראנק האט זו דעם דין ווי אלע קראנקי אונ מען מעג איר געבין צוליב דו קראנקייט ווען דר דאקטר הייסט :

פרק ששי

# דיני סוכה

## כלל א

די הופט דינים פון סוכה אונ לולב האבין מיר שוין איבין גיזאגט אז ווייבר זענין דר פון פטיר נאר ווען זיי ווילין אבר אויזוך מחמיר זיין אונ הלטין דו צוויי מצות מעגין זיי אוך דארוף א ברכה מאכין נאר דס ווס זי דארפין איבר הייפט ווסין איז דס אונ סוכה טאר מען ניט טאן קיין זאך וואס עס פאסט ניט דהיינו אום צו שווענקין אפאפע אדר אשיסיל אונ סוכה טאר מען גוט אונ נים אנדרו זענון זוך נוהג אום צו שווענקין אשיסול נאך דעם עסין אונ סוכה

טוען

טיאָן זיי אים רעגט אויך דארף מען אַלע שיינע כלים אַריין טראָגן אונ סיכה
אונ דו כלים וואס עס איז צום טרינקן. זיי בעכערס אונ גלעזערעך האַלט מען
אונ סוכה אָבר דו כלים וואס איז צום עסין וויא טעפ אונ שיסלען זאל מען
זייא האַלטון נאך דעם עסון אונ אויך פר דעם עסון הויך לסוכה. דוא לייכטער
פון אייזען אונ קופער אָדער זילבר האַלט מען אונ סוכה: אָבר איין לייטענע
לייכטער טאר מען נוט האַלטון אונ סיכה:

## כלל ב

קליינע יונגלעך פון פינף אָדער זעקס יאר מוזן זוצן אונ סוכה מדברי
סופרים כדי זייא זאלון זוך גיוויינען אונ מצות. אונ ווען דאס קונד
האט קיין פאטר נוט זאנון טייל פוסקים אז דו סוטר מוז אום גיוויינען אין
מצוה (שערי תשובה סי׳ תר״מ ס״ק א):

## פרק שביעי

# דיני חנוכה

## כלל א

ווייבר זענון מחויב אָן צו צונדן חנוכה לוכט אזו וויא מאנס לייט ווייל דורך
איין יודושע טאכטר איז אויך דר נס פון חנוכה גיוועזען ווס הט נוהארגוט
דעם גרעכטון פון דוא יודושע שונאים בשעת זיי האבון מלחמה גוהאלטן אויף
אונזר הייליגע שטאט ירושלים אונ איין אשה קען אָן צונדון חנוכה לוכט פר
דעם גאנצן דוז גוזונד אונ מוציא זיין אויך אור מאן סוט דר ברכה אונ ווען
איין זכר דם שון נובענשט חנוכה לוכט טעג ער אָן צונדן פאר איין אשה
נאך איין מאל אונ אברכה מאכון ווען זו שטייט דר ביי:

## כלל ב

דוא גאנצע צייט וואס דוא חנוכה לוכט ברענון נאך זענון זוך דוא ווייבר נוהג
דאס זיי זאלון קיין ארבייט נוט מאן אונ דאס איז זייער אגוטער מנהג
אונ מען טאר זיי דאס נוט מאכון פאר גרונג ווייל דאס נס פון חנוכה איז
גיוואָרון אויך דורך דו ווייבער אונ דוא וס זענון זוך נוהג דאס זיי טוען דעם
גאנצון טאג קיין מלאכה נוט זאנון טייל אז דעם מנהג דארף מען זעהן מבטל
צו זיין ווייל לוידוג ארום גיין איז אגרויסע עבירה אונ עס איז גנוג ווען זיי טואן
נוט קיין מלאכה דעם ערשטון טאג חנוכה אונ דעם לעצטון טאג:

## כלל ג

פר חנוכה לוכט טאר מען קיין זאך נוט מאן אונ מען טאר נוט איין מטבע אָנקוקן
פר

פר דוא חנוכה ליכט דאס מען זאל דר קענין ווס פר אמטבע דס איז אויך מאר מען קיין נעלם נוט ציילון ביי חניכה ליכט אונ נאך אזוי גלייכן מאר מען נוט פר חנוכה ליכט סיידון מען צינט אן אוך אשמש פר די ליכט מעג מען דס אלץ מאן פר דם שמש אוך מאר מען פון חנוכה ליכט נוט אן צינדון קיין פאסטו ליכט אונ אפילו חנוכה ליכט זאנגונטייל אז מען מאר נוט אן צינדון דו אנדרו ליכטלוך פון דו ערשטו וייל דר עיקר מצוה איז דאך דוא ערשטו ליכטול אליין אונ דו איברוני ליכט איז נוט אזו אמצוה דרובור מר מען נוט דו איברוגו ליכטלוך אן צינדון פריער פון דו ערשטו אונ ווען איין ליכטול פון חנוכה ליכט הט זוך פר לאשון מאר מען עס נוט אן צונדרן פון דו בינדוגו ליכטלוך אונ אפשוטא ווען דר שמש פר לעשט זוך מאר מען בודאי אויך נוט אן צינדון פון דו ליכטלוך ווס ברענון נאר אבר דו ליכט ווס מען טראגט פרייטג ליכט בענשון אוף שבת מעג מען אן צינדון פון חנוכה ליכט וייל דו שבת ליכט איז אוך איינס פון אמצוה :

כלל ד

ערב שבת צונד מען פרור אן חנוכה ליכט אונ נאך דם די ליכט ווס גיהער צי שבת אונ ווען איין אשה הט אנגיצונדן פרור די ליכט ווס צי שבת מאר זי שון נוט אן צונדרן קיין חנוכה ליכט וייל ווי איין אשה צינד אן ליכט צו שבת הייסט שון דס זי הט אן גינומען שבת אונ זי מאר שון קיין פייאר נוט האלטון דארובור מוז זי בעטין איין אנדרון דס ער זאל פר איר אן צונדון חניכה ליכט :

פרק שמיני

דיני אסתר תענית האבין מיר אובין אין פרק רביעי כלל ב נשריבן

# דיני מגילה

כלל א

צו ליינין דו מגילה זענין ווייבר אוך מחייב וייל דורך ווייבר איז דס נס פון פורים גיוואורן אונ מען מוז ליינין דו מגילה אונ דר היים פר די בתולות נאר אונ אנדרו שטעט איז דר מנהג אז בתילות גייאון אונ דר ווייברשו שול צו דו מגילה

כלל ב

ווען איין אשה ליינט די מגילה פר זוך זאגין טייל אז זי זאל מאכין ברכה לשמוע מגילה דס הייסט צו הערון די מגילה אבר זי מאכט נוט על מקרא מגילה דס איז טייטש צו ליינין די מגלה וייל ווייבר זענין נוט מחויב אליין צו ליינין נאר צו הערין מען ליינט אונ מרדכי הגעלם שטייט דס עס איז

רעכם

# חיבת נשים

אבער דאס ווייבר זאלין פר זיך לייענין · אין עס איז גלייכר אז זיי זאלין הערין לייענין פון זכרים :

## כלל ג

דו זכרים וואס לייענין די מגלה פר ווייבר אויף טייטש הנם די מגלה איז אויך געשריבין אויף טייטש מוז מען זיי פר ווערין אונ מען קאום זייא דאס נוט · נאר זייא זאלין לייענין דוקא אין לשון קודש · אפילו אלו זאבין איז דאך דר דין אז זיי קענין יוצא זיין אויף טייטש אויך ווען זיי פר שטייען נוט קיין לשון קודש · נאר דו מגלה האט איין אנדערין דין ווייל אין דער מגלה זענין פאראן ווערטר וואס מען קען זיי נוט פאר טייטשין אזו וויא האחשתרנים בני הרמכים מוז מען דאך לאזין דוא ווערטר אונ לשון קודש דערובר מוז מען שוין דו גאנצי מגלה לייענין אויף לשון קודש · דען מען טאר נוט לייענין אבוסול אויף לשון קודש אונ דוא איבריגי אויף איין אנדער לשון · נאר ווען מען לייענט מוז מען לייענען אין גאנצין אויף לשון קודש אפילו פר ווייבר :

## כלל ד

זכרים וואס האבין שון געהערט לייענין דו מגלה קענין לייענין פאר ווייבר אין זיי מוציא זיין נאר מען זאל נוט מאכין פאר זיי די ברכה על מקרא מגלה נייערט לשמוע מגלה ווי אובין איז געשטאנין אויך זאל ער פר זיי נוט מאכין דו ברכה פון שהחיינו נאר זיי זאלין אליין מאכין דו ברכות :

## כלל ה

עס איז איין מנהג ישראל צו געבין דריי מטבעות וואס ווערין אן גרופן האלבע אין דר מדינה ווי איין האלבן רובל אין רוסלאנד אדר איין האלבן גולדין אין פולין אין אסטרייך אין דס נים אויף צדקה · אנדרו גובן דס אום פורים אין אנדערי גובן דס אסתר תענית צו מנחה · ווייבר זענין פטור דס צו געבין :

## כלל ו

ווייבר זענין מחויב צו געבין אום פורים מתנות פר ארעמע לייט אין צו שוקן חלקים משלוח מנות אזו ווי זכרים נאר איין אשה זאל שוקן צו איין אנדרו אשה איין זכר זאל שיקן צו איין זכר אבר איין זכר טאר נוט שוקן צו איין אשה אין איין אשה טאר נוט שוקן צו איין זכר נאר ביי אונז איז דר מנהג אז ווייבר שוקין זיך נוט קיין משלוח מנות ווייל עס קען זיין זייא זענין יוצא מוט דעם וואס דר מאן שוקט איז שון גנוג

# חובת נשים

פרק תשיעי

# דיני קידוש לבנה

כלל א

ווייבר זענען פטור פון קידוש לבנה ווייל דס איז א מצוה וואס הט אנגשטעלטע צייט דס הייסט נאר ביי דער נאכט אונ פון דעם דריטן טאג אונ הודש מען מען עפשט כקדש זיין דו לבנה בוז דעם זעכצעהנטן טאג פון מולד אונ אפילו וויא מור האבין נזאגט אז אלע מצות עשה שהזמן גרמא מעגן ווייבר מקיים זיין ווען זיי ווילן אבער דו מצוה טארן זיי נוט מקיים זיין ווייל דוא ווייבר האבן דס גימאכט דס דו לבנה זאל קלענר ווערן (מ״א ריש סי׳ תכ״ו)

פרק עשירי

# דיני ראש חודש

כלל א

ווייבר זענען פטור צו זאגן הלל אום ראש חודש אונ אום יום טוב

כלל ב

אויך איז דר מנהג ביי אונז דס ווייבר טואון קיין מלאכה נוט אום ראש חודש הנם מאנס לייט טואון דאך יוא איין ארבעט אונ דו מאנס לייט ווב ווילן נוט טאן קיין מלאכה הייסט דאך דאס בורות אונ ער איז אפראסמאק אבר ווייבר וואס ווילן נוט טאן קיין מלאכה דארף מען זיי נוט מאכן פר גרונג ווייל זיי האבן שון דעם מנהג אוף זוך מקבל גוועזן :

פרק אחד עשר

# דיני מצות עשה שאין הזמן גרמא

דס זענען אזעלכו מצות וואס מען איז מחויב זיי צו מקיים זיין תמיד :

כלל א

נאך איין כלל האבון אונז דו חכמים גילערונט • וכל מצות עשה שאין הזמן גרמא אחד האנשים ואחד הנשים חייבין דס איז טייטש דאס אלו מצות פון דר תורה וואס האבון נוט קיין גישטעלטע צייט זיי מקיים צו זיין אונ מען מוז זיי צו אלו צייט מקיים זיין אונ מען קען זיי אויך שטענדיג מקיים זיין זענען חייב זיי צו מקיים זיין סיי זכרים סיי נקבות :

כלל ב

דרובר זענן ווייבר מחויב אונ אלע מצות ווי למשל צו מאכן א מזוזה אין

אוג זייער שטוב ווייל דאס איז אמצוה וואס מען מוז דאס שטענדיג האבון אוג עס דט נוט קין גשטעלטע צייט :

### כלל ג

אויך זענון זיי מחויב צו געבון צדקה צו ארומע לייט ווי זכרים נאר זיי טוזן זעהן אז דם זאל זיין מוט דם ווילון פון דם מאן דען אז דר מאן וויל נוט ליידון מאר מען נוט ווייל דם הייסט ווי גוגאנבוט געלד דרובר דו ווס גייאן צו זאמון קלובון פר צדקה מארון נוט געמין פון חייבר נאר אקליינו נדבה אבר אגרוסר נדבה ווס עס איז צו גרוס גאר דעם מאנס פר מעגון מאר כען פון זיי נוט צו נעמון ווייל עס קען זיין דר מאן ווייסט דר פון נוט · איז הייסט דם גוגאנבוט אבער ווען מען חייסט קלאר אז דר מאן וויל נוט ליידון מאר מען אוך אקליינו נדבה נוט נעמון פון איר נאר ווען זוא איז גאנץ רייך אוג זוא וויל העלפון אדו קרובים אפילו מוט ארעבטו זאך דארף דר מאן איר נוט וערון אוג ער מוז דם מאן אוג זו מעג געבון :

## פרק שנים עשר

# דיני נדרים

### כלל א

ווען איין אשה טוט אנדר מוז זו האלטון דאס וואס זוא האט אנדר גטאן נאר אבר ווען זו איז גאך נוט עלטר ווי צוועלף יאר מוט זעקס חדשים קען דר פאטר אור פר שטערון אלו נדרים אוג דער נדר ווערט פר שטערט אוג אוך ווען זו האט איין מאן קען דר מאן אור פאר שטערון אלו אורו נדרים אוג ווען ער זאגט אז ער וויל נוט ליידען דאס ווס זיין ווייב האט אנדר גוטאן איז אור נדר גאר נוטש אפילו דם ווייב איז אלט זובוצוג יאר ·

כלל ב דר פאטר אוג דר מאן קענון נאר פר שטערון דו נדרים אוג דעס זעלבוגון טאג ווען זיי האבון דער הערט דאס זיי

בית

האבן דעם נדר גיטאן אבר ווען זיי האבין גיהערט ביא טאג אונ האבין גישוויגן דעם גאנצין טאג אונ האבין אים ניט פאר שטערט מוז דר נדר בלייבן אונ זיי קענין שון ווייטר ניט פאר שטערין ׃

## כלל ג

דר כלל איז אזו די נדרים וואס זיי האבין איין נדר גיטאן ביא דער נאכט קענין זיי פאר שטערין די גאנצי נאכט אונ דעם גאנצין טאג וואס נאך די נאכט אבר די נדרים וואס זי האט איין נדר גיטאן ביי טאג קענין זיי מער ניט פר שטערין נאר דעם גאנצין טאג אבר אויף דר נאכט וואס נאך דעם טאג קענין זיי שון ניט פר שטערין ׃ ווייל דר טאג ווערט גירעכינט צו דיא פאריגי נאכט אונ דיא נאכט וואס עס איז נאך דעם טאג ווערט גירעכינט צו דעם מארגינדיגן טאג איז די נאכט שון ניט פון דעם זעלביגן טאג וואס זיי האבין דעם נדר גיטאן דארום קענין זיי שון ניט דעם נדר פר שטערין ווייל זיי מוזין פר שטערין נאר אונ דעם זעלביגן טאג אונ די נאכט גיהערט דאך שון צו דעם אנדערן טאג ׃

## כלל ד

דר מאן אונ דר פאטר קענין נאר פר שטערין אזעלכי נדרים וואס אונ זייא איז א עינוי נפש דס הייסט זייא טוען זיך אנדר צו פייניגן ענטוועדר צו פאסטין אודר זיי זאלין ניט עסין אזו איין זאך וואס זיי ליבין דס צו עסין אונ נאך מער ווי דס קען דער מאן פר שטערין אזעלכי נדרים וואס זי האט איין נדר גיטאן אונ דער נדר גיהערט נאר צווישן מאן אונ ווייב דס קען יעדר פאר שטיין ׃ (מען דארף דס ניט אוס שרייבין) אדר זי האט איין נדר גיטאן זיך ניט צו צירין אונ דורך דעם ווערט זי אויף אים מיאוס דוא זאכין קען דער מאן פר שטערין אבר אנדרי נדרים וואס עס איז אונ זיי ניט דא דוא צווייא זאכין דס איז זיך צו פייניגין אודר וואס עס גיהערט צווישן מאן אונ ווייב קען דר מאן אונ דר פאטר ניט פר שטערין ׃

## כלל ה

ווען איין אשה טוט אנדר דס זי זאל ניט מאן אזעלכי ארבייט וואס

זי מוז טאן פר דעם מאן ווי אן צו גיסין פר אים דעם כוס . אונ פר אים אים בעטין דס בעט אונ נאך אנדרי מלאכות וואס מיר וועלין אי״ה שרייבין ווס דס ווייב מוז טאן פאר דעם מאן אונ זוא טוט זיך אנדר זי זאל דס ניט טאן אוז דר נדר גאר קיין נדר ניט ווייל זי מוז דס אלץ טאן אונ זי קען זיך גאר ניט דר פון מאבין :

פרק שלשה עשר

# דיני כיבוד אב ואם

כלל א

איך זענין ווייבר מחויב אפ צוא געבין כבוד צוא פאטר אונ מוטער אונ מורא האבין פר זיי . פונקט ווי מאנס לייט זענין מחויב נאר ווען זי האט אמאן אונ זי קען דאך ניט טאן אלץ פר איר פאטר אונ מוטר ווייל זי איז צו געבונדין צום מאן דארום איז זי פטור צו טאן די זאכין פר פאטר אונ מוטר ווס דר מאן וויל ניט לוידין אז זוא זאל דס טאן אבר ווען דעם מאן מאכט דס ניט אוס אודר ווען זי איז איין אלמנה אודר איין גרושה ווערט זי ווייטר מחויב דס צו טאן:

פרק ארבעה עשר

# דיני תלמוד תורה

כלל א די אלו אובריגי מצות וואס זייא האבין ניט קיין געשטעלטע צייט זיי מקיים צו זיין זענין אויך ווייבר חייב זיי צו טאן נאר לערנין תורה אפילו דס איז דאך אויך א מצוה וואס מען מוז שטענדיג טאן אונ עס האט ניט קיין געשטעלטע צייט . פון דעסט וועגין זענין ווייבער פטור דר פון ווייל עס שטייט אין פסוק ולמדתם אותם את בניכם דס איז טייטש איר זאלט לערנין דוא תורה אייערע זין אבר ניט אייערי טעכטר . פון דעסט וועגין מוזין ווייבר לערנין די מצות פון דר תורה וואס זיי געהערין אונ זיי זענין מחויב זיי צוא טאן אונ דערוביער מוזין ווייבער אויך זאגין אין דער פרוא ברכות אויף דער תורה דאס איז לעסוק בדברי תורה אונ אשר

בחר בנו מכל העמים ונתן לנו את תורתו אונ אזו ווייטר · ווייל זיי זענן דאך מחויב צו לערנן דו מצות פון דר תורה ווס זיי זענן מחויב מקיים צו זיין :

## כלל ב

ווען איין אשה לערנט תורה הט זו עולם הבא פר איר לערנן נאר נשוא שאר זו נוט לערנן אבר תורה נביאים וכתובים הגם זו איז נוט גיבאטן זו זאל דט לערנן אבר ווען זו לערנט הט זו עולם הבא דר פר :

## כלל ג

איין אשה איז נוט מחויב צו דינגן איין מלמד פר אירו יונגליך צו לערנן תורה נאר ווען זו דינגט יא אודר ווען זו העלפט אירו קינדר אודר איר מאן דס זיא זאלן קענן גוצן אונ לערנן נעמט זו אויך אחלק עולם הבא גלייך מוט זיי הויא ווייטר אונ צווייטן חלק איז גישריבן ·

## פרק חמשה עשר

# דיני פריה ורביה

## כלל א

אויף דיא מצוה פון פריה ורביה איז נאר געווארפן אויף דעם מאן אבר נוט אויף דו אשה אונ ווען איין אשה נעמט קיין מאן נוט הט זו נוט קיין עבירה דרובור ווען איין אשה שאר לאנגט אז דר מאן זאל זו געטן ווייל זו קען פון אום קיין קינדור נוט האבין הערט מען זו נוט אונ מען נעמט דס נוט אן פר איין טענה ווייל זוא איז נאר נוט געבאטן קיין קינדר צו הבון נאר ווען זו זאגט אז זו וויל הבון איין חוטר ווער עס זאל נאכדאור בלייבן אונ זו וויל נוט זיין אליין אונ דר וועלט הערט מען צו איר טענה אונ מען נייט דעם מאן ער זאל איר געבן גט אבר ווען זו הט שון איין קינד איין זון אודר איין טאכטור הערט מען שון נוט צו איר טענה אונ מען גייט נוט דב מן דס ער זאל איר געבן גט נאר הגם ווייבור זענן דאך פטור פון דר מצוה איז דאך נוט רעכט זו זאל בלייבן אן איין מאן ווייל זו קען אריין פאלן אונ לייטשו מיילור אונ מען ווערט זו חושד זיין אויף שלעכטו מעשים פון ווס איין מענש מוז זוך היטן אונ אנדרו זאגן הגם זו איז פטור פון דו מצוה פון פריה ורביה אבר זו איז אויך נבטן אויף דס ווס דר נביא הט גזגט לא תוהו בראה לשבת יצרה דס איז מיינט גאט הט דו וועלט נוט בשאפן זו זאל בלייבן וויסט נאר זו זאל זיין בזעצט

פון

# חובת נשים

פון מענשין אונ דם איז אוך גזאגט גווארן אוף ווייבר דרובר דארפן ווייבר נוט בלייבן זוצן אן איין מאן :

## פרק ששה עשר

# דיני מילה

כלל א אוקאו: איין אשה נוט מחויב צו לאזן מל זיין איר זון נאר דר חיוב לונט אוף דם פאטר ער מוז אום בשניידן אונ ווען דער פאטר איז גישטארבן אודר ער איז נוט דא דר ביי מוז דם בית דין אום לאזן מל זיין :

## פרק שבעה עשר

# דיני פדיון הבן

כלל א אוקאו: איין אשה נוט מחויב ווען עס ווערט געבארן ביי איר איין בכור אום אום צו לייזן (צו געבן דעם כהן פונף טאלער) נאר אז דער פאטר איז גישטארבן אונ האט אום נוט אוס גלייזט מוז ער זוך אליין אוס לייזן מוט פונף טאלער אז ער ווערט גרוס :

## פרק שמונה עשר

# דיני לא תעשה

כלל א איין דרוטין כלל האבן אונז די חכמים גזאגט דס יעדר לא תעשה אינ דר תורה (דס הייסט ווס די תורה האט גיזאגט דס מען טאר נוט טאן) פיי ווען זיי האבן איין גישטעלטע צייט אודר זיי האבן נוט קיין גשטעלטע צייט זענין ווייבר מחויב פון זיי נזהר צו זיין פונקט ווי מאנס לייט :

כלל ב דרובר טארן ווייבר נוט טאן קיין ארבוט אום שבת ווייל די תורה האט גזאגט מען טאר דאס נוט טאן הייסט דס איין לא תעשה אונ דארין זענין גלייך מאנס לייטר ווייבר אינ איין אשה קומט אוך די זעלבגע שטראף פר דר עבירה ווי איין מאנס פארשון . אינ באלד ווי ווייבר זענן אוך פר באטן דס זיי זאלן קיין מלאכה נוט טאן אום שבת זענין זיי אוך גלייך אונ אלו דינים ווס בטרעפט צו שבת פונקט ווי מאנס לייט אונ עס איז קיין אונטר שייד נוט דא אונ

קין

קיין זאך וואס עס איז נוהג אום שבת צווישן איין מאנס פארשון אונ איין אשה:

כלל ג אויך זענן ווייבר פר באטן דס זיי זאלן נוט עסון קיין המץ אים פסח אונ וואס די תורה הט גיזאגט כל מחמצת לא תאכלו. דס איז טייטש זייא זאלן קיין המץ נוט עסון די זיבון טעג פון פסח: אונ אויך וואס די תורה הט גיזאגט ולא יראה לך חמץ ולא יראה לך שאור בכל גבולך דס איז טייטש ער זל נוט גזעהן ווערן קיין המץ אונ קיין זויער טייג די זיבון טעג פון פסח אונ אלו דייני ערמד וואס גוהערון צו דער די ביידו זאכון איז גוזאגט אוך פר ווייבר ווי פר מאנס לייט. דרובר דארפון ווייבר אוך בודק חמץ זיין אונ זייערו הייזור אזו ווי מאנס לייט נאר ווען זו הט איין מאן איז נוט רעכט דס די ווייבר זאלן בודק חמץ זיין: אונ ווען דר מאן איז נוט אונ דר היים דארף זו בודק המץ זיין אנשטאט דס מאן:

כלל ד ווייבר טארון קיין המץ נוט עסון מוזן זיי עסון מצה אונ די מצוה פון צו עסון מצה אום פסח גוהערט צו ווייבר אזו ווי צו מאנס לייט הגם די מצוה פון מצה איז דאך נאר צו אגושטעלטו צייט דס איז אום פסח אונ אלו מצות עשה וואס האט אגושטעלטו צייט זענון דאך ווייבר פטור נאר ווייל די מצוה פון מצה עסון אום פסח הענגט אפ אן דעם. ווער עס טאר קיין המץ נוט עסון אום פסח מוז עסון מצה אונ ווייבר טארון דאך אוך נוט קיין חמץ עסון דארובר מוזון זיי עסון מצה:

כלל ה אונ די אלו זאכון וואס מען מוז האבון צו די סדרים אום פסח זענון ווייבר אוך אזו מחויב ווי מאנס לייט זיי מוזין טרונקון די פיר כוסות צום סדר אונ עסון מרור נאר אבר זוך אן צו לעהנון (הסבה) ווען זייא עסון אונ טרונקון צום סדר זענון ווייבר זוך נוט נוהג:

כלל ו אוך טארון די ווייבר קיין ארבוט נוט טאן אום יום טוב פונקט ווייא מאנס לייט נאר דוא ארבוט וואס גוהערט צום עסון ווי קאכון בראטון אונ באקון מעג מען טאן אום יום טוב אבר איין ארבוט וואס גוהערט נוט צום עסון טאר מען נוט טאן אוך דוא ארבוט וואס גוהערט צום עסון איז נאר אזעלכו ארבוט וואס מען האט נוט גיקאנט טאן אום ערב יום טוב אדר ווען מען וואלט דס גוטאן אום ערב יום טוב וואלט דס ביז יום טוב פאר דארבון גוווארון ווייא צו קאכון אום ערב יום טוב אזה דס מארגינדוגין מאג ווערט דאך דס עסון פאר קולט אונ פר דארבון ביז יום טוב אדר צו שטוסון בשמים ערב יום טוב ווערט דאך אוס ביז יום טוב דרובר מעג מען דס טאן אום יום טוב אבר אזעלכו זאכון וואס

עס

עס קען נוט שאדון ווען מען וואלט דס גיטאן אום ערב יום טוב טאר מען דס נוט טאן אום יום טוב :

כלל ז דרובר מוז איטליכו אשה וויסון דס האלץ האקון אים יו"ט אדר קליינו העלצלוך צו מאכון אונטר דעם דרייפוס צו ריינין אדר אנדרו מלאכות וואס דורך זיי מאכט מען צו רעכט דס עסון אונ מען קען דס צו רעכט מאכין אום ערב יום טוב טאר מען דס נוט טאן אים יום טוב :

כלל ח זאלץ אדר פעפר אדר זעמפט צו שטוסון אים יום טוב טאר מען נוט ווייל דס זענן אזעלכו זאכון וואס אז מען וואלט דס מאכין אפילו אום ערב יום טוב וואלט דס אויך נוט פר דארבין גיווארון דרובר טאר מען דס נוט טאן אום יו"ט סיידון מען זאל אבוסיל אנדרש טאן דרייני אין בייגון דס שטייסול אדר דורך איין אנדר ארט פר ענדרון אז מען זאל זיך דר מאנון דורך דעם דס עס איז יום טוב מעג מען דס טאן :

כלל ט מען טאר נוט אן שארפון איין מעסר אויף דעם שארף שטיין אונ ווען עס איז דא שמאלץ אדר פעטוקי"ט אויף דעם מעסר מעג מען רייבון דס מעסור אויף איין האלץ אדר איין שארבון אדור אויף איין אנדור מעסור עס זאל אראפ דו פעטיקי"ט :

כלל י ווען מען הט פר געסון טובל צו זיין דו נייע כלים אונ ערב יום טוב טאר מען נוט טובל זיין אים יום טוב :

כלל יא מען טאר נוט מאכין קיין כעז אום יום טוב אוקטאר מענג"ט מאכין קיין פינגר אום יום טוב :

כלל יב מען טאר נוט וואַרמון וואסר אים יום טוב זיך דר מיט צו וואשון אדר צו וואשון איין קונד דר בוט אונ אז עס איז זייער נייטוג מוז מען פרעגון איין שאלה:

כלל יג מען טאר נוט ארוף שוטון בשמים אויף קולון כדי מען זאל אום רייכרון דורך דעם דו שטוב אודר עס זאל גוט שמעקון

כלל יד פר לעשון איין פייאור אום יום טוב טאר מען נוט אנדרו זאגון ווען מען קען זיך נוט שטעלון קאכין אנדרש סיידון מען זאל נאך דס קאכון קענין פר לעשון דס פייאר מעג מען פר לעשון נאר גרייכור אוז דס מען זאל נוט פר לעשון נאר מען זאל דו גיברענטו שטוקלוך האלץ ארוס ליגון אונ דרוסון אינ פר דארבון זאלון זיי זיך אליין פר לעשון :

כלל טז איין ליכט וואס מען טארף עס נוט טאר פעננעט אן צינדען אים יום טוב אפיר ווען מען וויל דס עס זאל לוכטונגר זיין אונ שעוב לכבוד יום טוב · ווען אפילו מען האט שון ליכט אן גיצונדען אום יום טוב מעג מען אן צונדען :

כלל טז ווען מען צינט אן די ליכט אויף יום טוב מאכט מען א ברכה ברוך אשר קדשנו במצותיו וצונו להדליק נר של יום טוב · אונ די איברוגי דינים פיקלוכט בענשון ווללון מיר א"ה שרייבון אונ צייטען מייל :

כלל יז וויטר איז דא נאך וייער פיל דינים אויף יום טוב אבור עס איז אונמעגליך די אלו אלס צו שרייבון אונ עס איז רעכט דס מען זאל דס ארץ כרעגון אדר הערון פון איין מורה הוראה :

סרק תשעה עשר.

# דיני חול המועד

כלל א חול המועד איז גרונגר פון יום טוב דען עס איז דא פיל מלאכות דס אום יו"ט טאר מען די נוט שטאפן אים חול המועד מעג מען דס טאונטשל מאלון מעל אונ מול ווס מען דארף דר פון באקן אדר קאכן אים יום טוב אדור אים חול המועד מעג מען מאלון אים חול המועד אבר צו מאלן אים חול המועד אויף נאך יום טוב טאר מען נוט :

כלל ב וואשון גרעט אדור אפילו נאר איין העמד טאר מען נוט אים חול המועד דו חכמים האבון דס פר באטן כדי יעדור מענש זאל אים וואשון אלו זיינו קליידור פר יום טוב אונ ער זאל שון זיין דו ערשטו טעג יום טוב ריין אונ ארום גופוצט אבר ווען מען וואלט אים דר לובון צו וואשין קליידור אים חול המועד וואלט ער פר יו"ט נוט וואשין אונ וואלט אב לייגון צו וואשין זייני גרעט אום חוה"מ ח"ל דאטולם איז דאך איין ליידוגי צייט :

כלל ג נאר די מעגין יוא וואשון אים חול המועד · וויל זיי האבון נוט גוקענט וואשון פר יום טוב ווער עס איז ערשט גוקומון פון ווייטו לענדער. אונ ווער עס ווערט ערשט פריא פון גוסאנגון שאפט אונ נאך אנדרו ווס האבן נוט גוקענט וואשון פאר יום טוב · אונ ווער עס האט נאר איין העמד · אונ איין אשה וואס

טרגט אין גלעק אוף דעם העמד אום יום טוב אונ זו האט נוט קיין אנדער העמד בשעת זי דארף זיך ריין מאכן מעג זי דם העמד אום וואשן :

כלל ד מען מעג אפ נעמן כלים גרעט אונ קליידער פון אין בעל מלאכה · אזעלכי וואס מען דארף האבן אוף יום טוב ·

אבר וואס מען דארף דם נוט האבן אוף יום טוב · ווי למשל וואל פון אין פארבר מאר מען נוט אפ נעמן אום חול המועד :

כלל ה מען מאר זיך נוט אויס גאלן אדר שערן אום חול המועד אפילו ווען מען האט זיך גיגאלט ערב יום טוב אדר מען האט זיך ניט גיקאנט גאלן ערב יום טוב אפילו ווען מען איז קראנק גיוועזן פר יום טוב אונ מען האט נוט גקאנט זיך גאלן אום ערב יום טוב · מאר מען אום חול המועד זיך נוט גאלן זיידן ווען מען איז גוועזן תפוס · אדר דר וואס קומט פון ווייטן לענדער אום חול המועד אדר ערב יום טוב שפעט אונ האט קיין צייט נוט גיהאט זיך אפ צו גאלן די מעגן זיך גאלן אם חול המועד · אבר אוך די וואס מעגן זיך גאלן מארין זיך נוט גאלן ווי אלי זעהן · נאר אז קיינר זעהט ניט :

פרק עשרים

# דיני לא תעשה

כלל א אין ווס די תורה האט אן גזאגט מען מאר דאס נוט טאן מארין דם ווייבר אוך נוט טאן אונ עס איז גיזאגט גווארן פר אלומן · אום גנומן די לא תעשה וואס גיהערט נוט צו ווייבר ווי למשל לא תענה ברעך עד שקר דם איז מיינט די זאלסט אויף דעם אנדרן נוט זאגן קיין פאלשי עדות איז דם גזאגט גווארן נאר פר מאנס לייט ווייל ווייבר קענן קיין עדות נוט זאגן אבר אונ איסור פון לשון זאגן ווען ווייבר אונ מאנס לייט גלייך דרובר ווי ידוי עדות פון אין אשה קען יוא גיט זיין מארין זי גוט חלילה פאלשי עדות

זאגן

זאגן אויך די אלי זאכן וואס עס איז גזאגט גווארן וועגן דין ומשפט פר דיינים איז נאר גזאגט גווארן פאר באגם לייט ווייל ווייבר קענן קיין דיינים ניט זיין :

כלל ב אויך דאס דוא תורה אן גזאגט אז מען זאל ניט גוויינן איין קינד פול צו עסן אונ צו טרונקען (בספר החינוך מצוה רמ"ח)

ווייל עס קען דער פון ארוס קומן דאס צום סוף קען ער ווערן איין גזלן אין טייטן מענשן אונ גאס נאר צו דר פולן זיין גוואנהייט אונ דאס הייסט איין בן סורר ומורה אונ דער פארבאט איז נאר גזאגט גווארן פר זכרים אבר ניט אויף נקבות ווייל נקבות לאזן זיך ניט פיר פורן פון עסן אונ טרונקען אזו ווי זכרים אונ דר סוף פון זיי וועט ניט אזו שלעכט זיין דארום האט די תורה דאס ניט גזאגט אויף נקבות פון דעסט וועגן דארף מען אפילו נקבות אויך היטן פון פ.ל עסן אונ טרונקען :

כלל ג אויך ווס די תורה האט אן גזאגט דאס איין כהן טאר זיך ניט מטמא זיין צו איין טויטן אבר צוא זיין פאטר אונ מוטער אונ זון אונ טעכטר אונ צו זיין ברודר אונ שוועסטר וואס האט ניט קיין מאן מוז ער זיך מטמא זיין זעגן פון די ביידי זאכן ווייבר טארפן ניט זיי זענן פר באטן דם זיי זאלן זיך מטמא זיין צו מתים ' אונ ניט זיי זענן מחויב זיך מטמא צו זיין צו זייערי קרובים :

כלל ד אויך פון דר לא תעשה לא תקיפו פאת ראשכם דם איז טייטש אור זאלט ניט אפ שערן די פאות פון די האר פון קאפ זענן ווייבר ניט פאר באטן אונ זיי מעגן זיך ארום שערן די פאות פון די האר פון קאפ אויך ווען עס טרעפט אז עס וואקסט איין בארד ביי איין אשה מעג זי זיך אפ גאלן אונ זי איז ניט פאר באטן אויף דעם לאו פון ופאת זקנם לא יגלחו דם הייסט דיין בארט טארפסטו ניט אפ גאלן :

כלל ה עס איז דא איין לא תעשה אונ דר תורה האט ניט נאר אויף ווייבר דאס איז די לא תעשה פון לא יהיה כלי גבר על אשה דאס איז די טייטש איין אשה טאר ניט אן טאן קיין קלייד פון איין באגם

פארשון

פארשון דרובר מרון קיין ווייבר נוט אומאן קיין פאנצור אונ קיין שוועד ד
ווייל דס אוז דר שטייגור דס מאנס לייט זאלון דס טראגון אבר אום
פורים אוז אונ אנדרו שטעט דר מנהג דס ווייבר פר שטעלון זוך
אונ קליידר פון מאנס לייט אונ באנס לייט אונ ווייבערשו קליידר דס
אוז קיין עבירה נוט ווייל זיי מיינען נאר פון שמחת פורים וועגן
פון דעכט וועגון אוז גלייבער אז מען זאל דס נוט טאן :

כלל ו איין אשה וואס גייט כוט איין שטעקון אונ גאם אונ זוא
מיינט נאר זוך אן צו שפארון דערוף ווייל זוא אוז שוואך
מאכט דס נוט אום אבר ווען זו גייט דאס פון צורונג וועגון אוז זוא
עובר אוף דעם לאופון לא יהיה כלי גבר על אשה אונעם קומט איר
דר פר מלקות :

פרק אחד ועשרים

# דיני כישוף וניחוש

## כלל א

איך הט דו תורה פר זאגט מכשפה לא תחיה איין אשה ווס זו אוז
איין מכשפה זאלבט דו נוט לאזן לעבון דר איסור אוז
נוט נאר אויף איין אשה איין מכשפה דו זעלבוגו אוז אויך אויף איין
מכשף דס קיין זכר איין מכשף מאר מען אויך נוט לאזן לעבון נאר
דו תורה הט דס גזאגט אוף איין מכשפה ווייל דר שטייגער אוז פון
ווייבר זוך אפ געבון מוט כישוף ווייל זייא האבון איין לייבטון זינון
לאזון זיי זוך אן ריידון פון אלו נארושקייט אונ מיינון דס כישוף אוז
איין זאך אונ זיי באשעפטיגון זוך דר מוט דרובר זגט דו תורה מכשפה
לא תחיה :

כלל ב דערובר מוז מען פר זאגון אונזרו היילוגו ווייבר אז זייא זאלון
נוט פארון צו קיין מאטר אונ זייא זאלון נוט לאזון קיין
קארטון אום ווארפון אונ נוט גלויבון אונ דו אודר אונ אנדרו נארושקייטן
ווארום דס אוז אלין איין ניצוץ פון די אלטו געצון דונר וואס האבון

# חובת נשים

## עסק גוועזן אונ כישוף :

### כלל ג

מען טאר ניט גלייבן אונ איין גיחיש רס הייסט די נארישע סימנים וואס אנדרי מאכן זיך פון די זאכן וואס עס טרעפט זיי דהיינו . דער ביסן אז אים פון מויל ארויס געפאלן אודר דער שמעקן אז אים פון דיא הנד ארויס גיפאלן אידר איין הירש אז אים אונ וועג אריבר אודר איין שלאנג אז אים פאר ביא גנאנגן אויף די רעכטע זייט אונ איין פוקס אויף די לינקע זייט אידר מען רט אים באגעגינט אודר דעם וועג אריבר גיגאנגן מיט פילן אודר מיט ליידיגן · די אלע זאכן אז אלץ אסור אפילו צו טראכטן דאראן אז דס אוז אויף עפעס איין סימן :

כלל ד איך טאר מען ניט גלייבן אונ פיטא ניט צו זאגן איך וויל ניט אודר איך וויל נעמען אויף איין פילון פרוא טארגין אידר אויף איין פילע וואך אודר אויף איין פילון חודש : אויך טאר מען ניט זאגן מען זאל קוילן דעם האן וייל ער הט גקרייעט ווי איין קרא אידר די הין ווייל זי הט גקרייעט ווי איין האן :

כלל ה איין ען הרע ברענגט גווים פיל קראנקהייטן וויא דוא היילוגי גמרא זאגט אבר אס ציא שטרבן איין ען הרע מוט דוא נארישי לחשים אונ מוט זאלץ ארום צוא דרייען אונ צוא לעקן אונ שפייען טאר מען גווים ניט · אינ דער ווס זאגט נאך דארויף דעם לחש וואס אונ אים איז דא איין פסוק אונ ער זאגט דעם לחש אויף לשון הקודש אונ שפייעט דר נאך וויא די גמרא אוו · דער פאר לירט זיין חלק עולם הבא אונ אז ער שפייאט ניט אוז חאטשי דוא עולם הבא פר לורט ער ניט · אבר איין איסור אונ עס אוז דער וואס שוקט צוא אים אם צוא שטרבן איז גווים עובר הארובר זאל מען אונ דוא קראנקהייטן פון איין ען הרע זיך נאר פאר לאזן אויף גאט ברוך הוא אונ האבן איין ריינע אמונה אז ער וועט אליין העלפן אן אלי לחשים ובזבות דעם וועט גאט ברוך הוא גווים באלד צוא שוקן

שוקן די גאנצי רפואה:

בלל ו פרומי ווייבער וועלין גיוים פרעגין עס איז דאך איין פליאה ז ווי באלד אז די זאכין פון איין טאטר אדר איין עין הרע אפ צו שפרעכין איז נארישקייט אונ עס איז נאך איין איסור אויך . פר ווס זעהט מען אז איין טאטר אדר דס אפ שפרעכין העלפט אונ דער קראנקער ווערט נאך דעם גזונד . דארום זאלין דיא ווייבר וויסן אז אזו איין פליאה איז שון גיפרעגט גיווארין אין דר גמרא הקדושה (מסכת עבודה זרה דף נ"ה ע"א) איין מאן ווס האט גהייסין זונן הט גזאגט צו רבי עקיבא מיין הארץ אונ דיין הארץ וויסין אז די עבודה זרה הט נוט קיין ממש . מיר זעהין דאך אז די מענשין ווס זענין קראנק גייען דארטין אונ ווערין גזונד ווס איז דער טעם דר פון הט צו אום רבי עקיבא גזאגט אוך וויל דהר געבין איין משל צו ווס די זאך איז גלייך צו איין ערלוכן מאן וואס איז גיוועזין אין איין שטאט אונ די אלע שטאט לייט פלעגין ביי אום בהאלטין זייערי זאכין אן עדות איז גקומען איינר אונ הט ביי אום באהלטין מיט עדות איין מאל הט ער פר געסין אונ הט ביי אום באהלטין אן עדות הט דס ווייב פון דעם ערלוכען מאן צו אום גזאגט מיר וועלין אום פר לייקענין פר וואס גלייבט ער אונז נישט קיינמאל הט דר ערלובר מאן צו איר גזאגט צו דען וויל דער שוטה טוט אום רעכט (אונ גלייבט אונז נישט אן עדות וועלין מיר פר לירען אונזר ערליכקייט ניין דס זאלין מיר נישט טאן אזו אויך איז מיט די יסורים אונ קראנקייטין בשעת זיי ווערין גשוקט אויף דעם מענשין באשווערט מען זייא אז זיי זאלין נוט קומין צוא אום נאר אונ יענעם טאג אונ זיי זאלין נוט אוועק גיין פון אום נאר אונ יענעם טאג אין יענער שעה אונ דורך יענעם דאקטאר אונ דורך יענר רפואה ווי באלד די צייט קומט זיי זאלין פון דעם מענשין אוועק גיין גייט ער צו דר עבודה זרה זאגין דוא יסורים אונ די קראנקייטן עס איז רעכט מיר זאלן פון דעם שוטה נוט אוועק גיין כדי ער זאל נוט מיינען אז די עבודה זרה אודר ווס דער צו גלייך איז הט אום גיהאלפין דר נאך

זאנין

זאגן די יסורים אונ די קראנקייטן צו זיך צו דען ווייל דר שוטה האט גישאן אום רעכט וועלן מיר עובר זיין אויף אונזר שבועה וואס מיר האבן גישווארן גיין מיר מיזן אוועק גיין פון אום אבר אונזר שבועה זאגט הרויף די תיילוגו גמרא דם איז וואס רבי יוחנן האט גיזאגט וואס איז דאס וואס אונ פסוק שטייט ותחלים רעים ונאמנים דם איז טייטש קראנקייטן וואס זענין שלעכטי אונ ערליכו איז דער פירוש אזו זייא זענין שלעכט מיט דעם וואס מען שיקט זיי צו פלאגן דעם גוף פון מענשין אבר זייא זענין ערליך מיט דעם וואס זיי זענין מקיים זייער שבועה אוועק צוא גיין ווייא עס קומט זייער צייט אפילו יענער איז איין שוטה אונ טוט איין עבירה צו גיין צו דער עבודה זרה זו זאל אים העלפין אדר אונ אונזר ענין או ער פארט צום מאטר אדר ער גייט איין עין הרע אפ שפרעכן אדר צו אנדרו נארישקייט פון דעסט וועגין אז עס קומט די צייט וואס דוא קראנקהייטן מיזן אוועק גיין גייען די אוועק אונ מען מיז וויסן אז דאס וואס זייא זענין אוועק גוגאנגין איז נוט איבר די נארישקייט · ניין נאר איבר זייער שבועה:

כלל ז מען מיז וויסן אז אונ דר גמרא הקדושה איז דא פיל לחשים:

אבר אויף די לחשים וואס אונ דר היילוגע גמרא שטייט מיינין מיר נוט חלילה · יעני לחשים ווען מען זאל נאר וויסן ווי מיט זייא עוסק צו זיין וואלט גיוויס גוט גיוועזין · אבר יעצט האבן מיר נוט אזעלכע וואס זאלין דאס וויסן · דרובר זענין די אלע יעצטיגע לחשים נאר נארישקייט · אונ מען טאר נוט אונ זייא גליבין:

כלל ח דער כלל איז מען מיז נאר אונ גאט ברוך הוא אליין גליבין אונ מען טאר נוט גליבין אונ טראכטין אונ דוא אלי נארישקייט אונ מען מיז וויסן אז דאס רוב פון דוא וואס זענין עוסק אפילו אונ שמות דם זענין די בעלי שמות גייט זיי נוט אום קיין גוטר סוף ווייא אונ שולחן ערוך (יו"ד סי' קע"ט סעיף י"ו בהג"הה) שטייט דארובר יער עס וויל זיין נפש היטין זאל זיך פון די אלע זאכין דער ווייטערין אונ זאל מקיים זיין דייא אונ פסוק שטייט תמים תהיה

עס